א מתנה דער צענטראלער
ײדישער ביבליאָטעק אין נאָמען
פון מנחם ברוך חיים פישמאן,
געבאָרן 20-טן אָקטאָבער, 1930,
געשטאָרבן 11-טן יולי, 1937
אין האַוואַנא, קובא.
תלמיד פון שול בײם אידישן
צענטער.

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

# מעשהלעך



אַרויסגעגעבן דורך דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן
וואַרשע 1931

# אינהאַלט

# דער גוי פון די קאַרטאָפל

דינעשע שאַפּיראָ אַ מתּנה.

צו אַ יידן אין שטוב
קומט איינמאָל אַ גוי.

— אַ גוט מאָרגן דיר, ייד,
ס'איז אַ מעשה אַזוי:

איך גראָב דאָ קאַרטאָפל,
האָט מיט מיר זיך פאַרלאָפן,
אַז עס פעלט מיר אַ זאַק,
אַ קלײניטשקע קאַפּאַטשקע
און בראַנפן אַ טראָפּעטשקע.
אַנטלײַ דאָס מיר, ייד,
ביזן גרויסן יאַריד.

ענטפערט דער ייד אים אַזוי און אַזוי:

— אַ גוי איז אַ גוי,
ס'איז זיין סערמיגגע גרוי,
און די פּלייצע איז ברייט,
און דאָס פּנים איז רויט,
און אַלע יוונים
האָבן איין פּנים
ווי וועל איך דיך, גוי,
נאָכדעם דערקאָנען?

שטייט דער גוי און ער טראַכט:

— ביסט דאָך טאַקע גערעכט,
אַז אַ גוי איז אַ גוי,
ס'איז זיין סערמיגגע גרוי,
און די פּלייצע איז ברייט,
און דאָס פּנים איז רויט,
און אַלע יוונים
האָבן איין פּנים, -
ווי וועסטו מיך, ייד, נאָכדעם דערקאָנען?

האָט דער גוי זיך אַ נאָגל גענאָגט און גענאָגט,
האָט געטראַכט און געזאָגט:

— איך האָב שוין געפונען
אַ טייערן סימן.
איך הײם דאָך יאַן טאָפל,
דער גוי פון די קאַרטאָפל.

האָט דער ייִד זיך דערפרייט,
און אַ זאַק איז שוין גרייט
און בראַנפן אַ טראָפּעטשקע
און אַ קלײנינקע קאָפּאָטשקע.

ס'דאָס גענומען דער גוי,
ס'געטאָן עפּעס אַ זאָג,
און אַ גוטינקן טאָג.

וואַרט און וואַרט אַלץ דער ייִד
ביזן גרויסן יאַריד.
ניטאָ נאָך יאַן טאָפל,
דער גוי פון די קאַרטאָפל.

ער צעבײזערט זיך שטאַרק,
גײט אַרום אויפן מאַרק,
זוכן יאַן טאָפל,
דעם גוי פון די קאַרטאָפל.

איז אין מאַרק אַ געברוי:
ס'שטייט אַ גוי אויף אַ גוי,
ס'איז אַ טומל אַ דולער,
ס'שטייען וועגענער פולע
מיט קרויט און מיט עפּל,
ס'שמייסן פערד מיט די עקן,
אַ שפּילטשענע קעפּל
ניטאַ וואו פאַרשטעקן.

קראַצט דער ייד זיך אין קאַרק:
— אַט־אַ האָסטו אַ מאַרק!
היינט גיי דאַ געפינען,
לויטן גוייִשן סימן,
וואו עס שטעקט דאַ יאַן טאַפּל,
דער גוי פון די קאַרטאָפּל,

אַז אַ גוי איז אַ גוי,
ס'איז זיין סערמינגע גרוי,
און די פּלייצע איז ברייט,
און דאָס פּנים איז רויט,
און אַלע יוונים
האָבן איין פּנים, —
היינט גיי דאַ געפינען,
לויטן גוייִשן סימן,

וואו עס שמעקט דאָ יאַן טאָפּל,
דער גוי פון די קאַרטאָפל?

דערווייל קומט אונטער אַ גוי.
איז זיין סערמינגע גרוי,
און די פּלייצע איז ברייט,
און דאָס פּנים איז רויט,
און ס'איז טאָקע יאַן טאָפּל,
דער גוי פון די קאַרטאָפּל,
ער מיט דער גוייע,
מיט דער גאַנצער הלוואה,
מיט דער קליינינקער קאַפּאָטשקע,
און פּאָר בראָנפן אַ טראָפּעטשקע
האָט געבראַכט איצט יאַן טאָפּל,
דעם זאַק מיט קאַרטאָפּל.

און געזאָגט האָט דער גוי
אַזוי און אַזוי:

— אָט־אָ זעסטו דו, ייד,
ס'איז דאָך גרויס דער יאַריד,
אָבער דאָך מיט אַ סימן
קען מען יעדן געפינען.

# ביי אַן אָרעמען, אָרעמען מאַן

ביי אן ארעמען, ארעמען מאן
געשען איז א וואונדער:
ס'האָט איינמאָל ביי אים אויפן בוים
זיך א פויגל צעזונגען.

ווענען מענטשן פון עק פון דער וועלט
געקומען צו גיין און צו לויפן
ביי דעם גליקלעכן מאן
דעם פויגל צו קויפן.

ט'ער געהייסן זיך געבן א בעט,
און א קישן צו קאָפּנס, צו רו,
און א בער פון א וואלד,
און א בערעלע צו.

האָבן מענטשן פון עק פון דער וועלט
א בעט שוין געהובלט,
א ציך שוין געשפּונען,

נאָר אַ בער פֿון אַ וואַלד
און אַ בערעלע צו — נישט געפֿונען.

ס׳ער געהייסן זיך געבן אַ טיש,
און אַ בענקל צום זיצן, צו רו,
און אַ הירש פֿון אַ וואַלד,
און אַ הירשעלע צו.

האָבן מענטשן פֿון עק פֿון דער וועלט
אַ טיש שוין געהובלט,
אַ בענקל גענומען,
נאָר אַ הירש פֿון אַ וואַלד
און אַ הירשעלע צו — נישט געפֿונען.

ס׳ער געהייסן זיך געבן אַ קלייד,
און אַ העמד אויף צום שלאָפֿן, צו רו,
און אַ פֿוקס פֿון אַ וואַלד,
און אַ רויטינקן פֿיקסעלע צו.

האָבן מענטשן פֿון עק פֿון דער וועלט
אַ קלייד און אַ העמד שוין געשפּונען,
נאָר אַ פֿוקס פֿון אַ וואַלד, —
און אַ רויטינקן פֿיקסעלע צו
געזוכט און געזוכט — נישט געפֿונען.

זענען מענטשן פון עק פון דער וועלט,
מידע און בייזע געקומען,
און ביים גליקלעכן מאַן פון דעם בוים
דעם פויגל גענומען.

ביי אַן אָרעמען, אָרעמען מאַן
געשען איז אַ וואונדער:
ס'האָט ביי אים אויפן בוים, אויף אַ צווייג
זיך אַ פויגל אַ צווייטער צעזונגען.

# אַ מעשה מיט אַ באַליע

אין אַ ליכטיקן טאָג, אין אַ גליקלעכער שעה,
די זון איז געשלאָפן אויף טישן און בעטן,
האָט כאַנטשע געקויפט אַ דייזשע, ברויט קנעטן.

קנעט היינט און קנעט מאָרגן —
זוי לאַנג ס'זאָל נישט דויערן,
וויל דער טייג אַלײן נישט זויערן.

האָט כאַנטשע געזאָגט אָט אַזוי:
אַז די דייזשע איז קאַליע,
וועט עס זיין פּאַר אַ באַליע.

איצט גייט וואונדער אויף וואונדער
אַז קינדערשע קליידער און העמדער מיט שמוץ און מיט פלעקן
וואַשט די באַליע אַליין, אַן אַ פּיצעלע זייף, אַן אַ האַנט צו פאַרשטעקן.

ווי אַזוי?
ס'גיט אַ העמדל זיך דריי מאָל אַ דריי, ווי אַ רייף,
ווערט אַ באַליע זייף.
לינקס אַ ראָד,
רעכטס אַ ראָד —
שוין פון באָד.

קומען שכנות פון קעלערס, פון בוידימס, פון מיטלסטע שטאָקן:
כאַנטשע־לעב, כ'האָב קינדערלעך זיבן, רק וואָש און צוואָג,
אַנטליי מיר די באַליע אויף היינטיקן טאָג.

איז די באַליע געגאַנגען, אַזוי ווי אַ בשורה:
פון קעלער אַרויף, אויף אַן אויבערשטן שטאָק,
פון דאָרטן אין הויף, אין אַ פינצטערן ראָג.

דערנאָך:
אויף אַ בוידים, אין אַ שטוב אָן אַ טיר,
און אַרויף, ווי אַ וויאַטראַק, אויף טרעפּלעך פיר.

דערנאָך:
אין אַ שטוב מיט אַ הרובע אַ בלויע,
פון דאָרט צו אַ שכנישע גוייע.

האָט די מעשה געדויערט
אזוי ברייט, אזוי לאַנג,
ביז די באַליע אליין האָט געוואוסט שוין דעם גאַנג.

האָט די באַליע געוואגט
און גענומען אליין
פון דירה צו דירה זיך קייקלען און גיין.

טראַכט די באַליע און זאָרגט
פייגע־ביילע אין די מאַנסבילשע קאַמאַשן,
מוז מען צו איר זונטיק קומען וואַשן,

דווייל זי האָט קליינע קינדערלעך,
מוז אָפטער וואַשן ווינדעלעך.

און מאָנטיק וואַשט מען העמדעלעך אין אויבער־שטיבל.
און דינסטיק, האָט נישט קיין פּאַראיבל,
וואַשט מען מייטקעלעך.

און וואַשן לייבעלעך און זאָקן
קייקלט זיך די באַליע מיטוואָך מיט גערויש און מיט געהילך
צו שרה־זלאַטען, וואָס האַנדלט מיט ציגן־מילך.

דאַנערשטיק איז אַ געשפּאַר,
קייקלט זיך די באַליע, ווערט צוויימאָל אַזוי ברייט,
וואַשט העמדעלעך פאַר קינד און קייט.

פרייטיק גייען קינדער אין קלאָרן וועש,
פרייטיק ווערט די באַליע זייער פרום,
און וואַשט זיך גאָר אַליין אַרום.

# אַ מאַנטל
# פון אַ טונקעלן געוואַנטל

בײַ אַ שנײַדער, אין קאַמאָרע,
פול מיט קינדער, קײן עין־הרע,
קינדער פּיצעלעך, װי מאָן,
שטײט אַ װיגל אױבן־אָן.

איצטער הױבט זיך אָן די מעשה,
נישט פון ציגעלעך קײן װײסע
נאָר אַ מעשה פון אַ מאַנטל
פון אַ טונקעלן געװאַנטל.

האָט מען אױפגענײט אַ מאַנטל
פון אַ טונקעלן געװאַנטל
פאַרן עלטסטן בחור שמואל,
ער זאָל קענען גײן אין שול.

גייט אים שמואליק יאָרן דריי,
איז דער מאַנטל שפּאָגל-נײַ.
גייט אים שמואליק נאָך אַ יאָר,
איז דער מאַנטל שענער גאָר.

איינמאָל שמואליק טוט אים אָן,
איז דער מאַנטל קורץ אין סטאָן.

ווערט אַ טומל אין קאַמאָרע:
— נאָ דיר גאָר אַ נייע צרה,
שמואליק טוט דעם מאַנטל אָן,
איז דער מאַנטל קורץ אין סטאָן.

נו, איז מילא —
טוט שוין אָן דעם מאַנטל ביילע.

גייט אים ביילע יאָרן דריי,
איז דער מאַנטל שפּאָגל-נײַ.
גייט אים ביילע נאָך אַ יאָר,
איז דער מאַנטל שענער גאָר.

איינמאָל ביילע טוט אַ שפּיי,
פּלאַצט אין מאַנטל נעטלעך דריי.

ווערט אַ טומל אין קאַמאַרע:
— נאַ דיר גאָר אַ נייע צרה!
מאַמער ביילע טוט אַ שפּיי,
פּלאַצט אין מאַנטל געטלעך דריי?

וואָס־זשע קען דאָ זיין דער מער?
גייט אין מאַנטל יאָסל־בער.

גייט ער אין אים יאָרן דריי
איז דער מאַנטל שפּאָגל־ניי.
גייט ער אין אים נאָך אַ יאָר
איז דער מאַנטל שענער גאָר.

איינמאָל פאַלט ער אויף די טרעפּלעך
און אַ סוף צו אַלע קנעפּלעך.

ווערט אַ טומל אין קאַמאַרע:
— נאַ דיר גאָר אַ נייע צרה!
גיין און פאַלן אויף די טרעפּלעך
און פאַרלירן אַלע קנעפּלעך?

און עס פּסקנט דאָס געזינדל:
— זאָל שוין גיין אין מאַנטל הינדל.

גייט אים הינדל יאָרן דריי,
איז דער מאַנטל שפּאָגל־ניי.
גייט זי אין אים נאָך אַ יאָר,
פעלט דעם מאַנטל נישט קיין האָר.

איינמאָל ווערט אַ גרויסער טומל,
אַלע שטייען אין אַ רומל,
הינדל כליפּעט אויפן בעט —
ט'אַנגעוואָרן אַ מאַנקעט.

שרייען אַלע, אַלע, אַלע:
— דאָס־איז־דאָס אַ מויד אַ כלה!
ליגט און כליפּעט אויפן בעט!
ווי פאַרלירט מען אַ מאַנקעט?

האָט שוין אָנגעטאָן דעם מאַנטל
איצט דער ייִנגסטער בחור פאַנטל.

— פאַנטל, פאַנטל, איי איז דאָס אַ בחורעץ!
חברט זיך מיט הינט און קעץ,
יאָגט זיך נאָך יעדער וואָגן,
שלאָגט זיך, ווערט אַליין געשלאָגן,
מיאַוקעט, פּייפט, און שרייט, און בילט,
און די מאַמע לאַכט און שילט.

האָט שוין אָנגעטאָן דעם מאַנטל
איצט אָט דער־אָ תכשיט פאַנטל.

האָט ער באַלד דעם ערשטן טאָג
אָפּגעפּליקט אַ גאַנצן ראָג
און אויפמאָרגן אינדערפרי
אויסגעהאַקט אַ לאָך אין קני.
און דעם זעלבן טאָג פאַרנאַכט
אָן אַ קאָלנער אים געבראַכט,
מיט צוויי לעכער גרויס ווי אויגן
אין די ביידע עלנבויגן.

ווערט אַ טומל, אַ געשריי:
— אָך און אָך, און ווינד און וויי!
אַזאַ [illegible], אַזאַ מאַנטל
פאַ[illegible]יין צום תכשיט פאַנטל.

איינמאָל פאַנטל איז נישט פויל,
קומט צו לויפן נאַקעט, הויל,
שרייען אַלע פאַראַמאָל,
אַלע, אַלע אין איין קול:

— תכשיט, שייגעץ, פלעדערמויז,
וואו דער מאַנטל, זאָג נאָר אויס?

ענטפערט זיי דער וואוילער יונג
מיט אזא־א שארפע צונג:

— כ'האב פון אים דעם רעכטן לאץ
אפגעשענקט דער שווארצער קאץ,
און דערנאך דעם לינקן לאץ
אפגעשענקט דער ווייסער קאץ,
און די רעשטע, לאך אויף לאך,
ט'אנקומען די צווייטע וואך.

ווערט א טומל, א געשריי:
— אך און אך, און ווינד און וויי!
אזא מאנטל, אזא מאנטל
פאלט אריין צום תכשיט פאנטל.

# אַ מעשה מיט אַ פאַס

אין הויף, אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ פאַס אָן אַ רייף,
װער װײסט, צי פון האָניק, פון ביר, צי פון זייף,
געווען איז דאָס פאַס אַביסל לאָם, אַביסל קרום,
נאָר אַ טבע אַזאַ האָט עס געהאַט: פול מיט זון.

און אין הויף האָבן צוועלף משפחות געוואוינט מיט
ווייבער און קינדער,
אַ שוסטער, אַ שניידער, אַ שמיד, און אַ קלעזמער אַ
בלינדער,

און אַן אלמנה, געווײנלעך, מיט קינדער באַשאָטן, און
אַלע נאָך קליין,
און אויסער דעם איך אַליין,

און פּרקע דער טרעגער מיט טעכטערלעך צוויי,
וואָס האָבן קיין בעט ניט געהאַט און געשלאָפן אויף
שטרוי.

נאַר אַרום דאַס דען שכנים, וואָס ס'איז זועמען באַשערט,
האָט מען די טעכטערלעך אַרקעס גערופן: די מיידן,
וואָס זיצן אויף דער ערד.

און אין הויף איז אַ טומל געשטאַנען, אַ האַלבער יאַריד:
מען שרייט אויף די קינדער, מען שיט און מען שיט.

ויהי, אַז דער שוסטער פלעגט ווערן אין כעס אויף די בנים,
און פלעגט פון בענקל אַ הויב טאָן די באָרד און דאָס פּנים,

און טיטן רימען אין האַנט און אַ הויכן געשריי,
איבערן הויף זיך אַ יאָג טאָן נאָך זיי,

פלעגן די קינדער אַנטלויפן פון שוסטערשן רימען און כעס
און אַלע זיך פעקלען אין פאַס.

פלעגט אַ געלעכטער דעם שוסטער באַפאַלן
— אַז אין פאַס, איז פאַרפאַלן.

און אז פ־ניע דער שניידער פלעגט אין גרימצאָרן קומען
אויף זיין טעכטערל תאָדל
און פלעגט פאַרקלעטען די האַנט, אינדערהויך מיט דער
נאָדל,

פלעגט די קליינע אַזוי ווי אַ וועוויריק טאָן אין טעסל אַ
שפּרונג,
האָט דער שניידער אַ שעה נאָכאַנאַנד זיך געביסן די צונג.

און די קלייניקע שיינדל פלעגט אינגאַנצן נישט וואַרטן,
די מאַמע זאָל קומען זי שטראָפן,
(זי איז באַלד שוין אַנטלאָפן).

אַ כאַרנע הענאַשט, צי צעבראָכן אַ גלאָז,
זי ויצט שוין אין טעסל איידער ווען, איידער וואָס.

האָבן טאַטעס און מאַמעס באַשלאָסן :
דאָס פּאַס איז אַן אומגליק אין הויף, מ׳ווערן קינדער
צעלאָזן,

מ׳ווערט פון קינדער אַ תל,
אַז מען קען אויף אַ קינד נישט צעשיינדן די פעל.

האָט מען אַרקע דעם טרעגער באַשוואָרן מיט טרערן,
ער זאָל דאָס פּעקל באַשטאַטן, מען זאָל עס נישט זען און
נישט הערן.

האָט אַרקע דער טרעגער געבאָטן: פיר דוקאַטן,
וועט ער דאָס פּעקל באַשטאַטן.

דערווייל מאַכט זיך אַ מעשה און ס'געשעט אַזאַ זאַך,
אַז ביי אַרקע דעם טרעגער נעמט ריגען פון דאַך.

רינט פון אַנהויב אַ טראָפּן, און ווייטער דערנאָך
ווערט אין דאַך ביי אים גרעסער און ברייטער דאָס לאָך,
און פון באַלקן דער גאָס ווערט אַלץ גרעסער און גרעבער,
אַז עס פּלייצט ווי פון צעבער.

האָט אַרקע דער טרעגער אַ ווײַלע געטראַכט,
גענומען דאָס פאַס אויף די פּלייצעס און אין שטיבל
געבראַכט,

און אַוועקגעשטעלט מיטע אָט דאָרט, וואו פון דאַך האָט
גערונען,
איז דאָס פּעקל געשטאַנען אַ פולס, אַזוי ווי אַ ברונען.

האָבן מעכטערלעך אַרקעס געקוואַלן, וואָס אין שטוב איז
א כאַר און ס'איז נאַס
און אינמיטן דער שטוב שטייט אַ פאַס.

האָט אַרקע דער טרעגער געברומט און געוויגט מיטן
קאָפּ:
— „אַ נייע מציאה, איך שענק אייך דאָס אָפּ!"

און אַז אַרקע דער טרעגער האָט זיין דעכל פאַרדיכט,
מיט אַ ברעט, מיט אַ שינדל, מיט אַן אַלטן געוויכט,

איז מען געקומען אים זאָגן און רופן און בעטן,
חכלל, ביי פיניע דעם שניידער רינט אויך שוין אַריין
און פאַטש אַריבער די בעטן,

און דערנאָך
איז ביי דער אַלמנה געוואָרן אין סטעליע אַ לאָך.

האָט מען געזען: ס'איז אַן אָנשיקעניש מיטן רעגן,
עס וויל דאָס מעסל פון חויף נישט אַוועקגיין.

האָט מען געזען: מען קען אַנדערש נישט מאַכן,
איז ד[illegible] פעסל געבליבן אין הויף מיט אַנדערע נויטיקע זאַכן.

און איינמאָל האָט אָרקע דער טרעגער געהייסן די טעכטערלעך שיילן קאַרטאָפל,
זענען די מיידלעך ביידע אין פעסל אַנטלאָפן.

איז ער געלאָפן צום פעסל זיי זען און זיי רופן,
ערשט ער גיט זיך אַ ריר —
ס'איז אין פעסל אַ טיר,

און, ווי אין דער דירה דער שענסטער,
אַ געשניטענער פענצטער,

מיט ראַמען, מיט ליכטיקע שויבן,
פּראָסט נישט צום גלויבן,

און אַ גלעקל אין טיר,
ווי ביים שענסטן גביר,

און העט־העט אויבן־אָן
פּאַטשט מיט די פליגל אַ גאָלדענער האָן.

פאַרפאַלן, האָט אָרקע דער טרעגער נישט געזאָגט שוין קיין וואָרט,
געשטאַנען, געשוויגן, נישט גערירט זיך פון אָרט.

און ס'האָבן די טעכטערלעך אָרקעס אַ בשורה צעשיקט מיט שטאַפעטן,
און האָבן געלאָזט צו זיך אַלינקע קינדער פאַרבעטן,

און באַזונדער די קינדער פון הויף זאָגט מען אָן,
ס'איז דאָס פעסל געוואָרן אַ פּאַלאַץ מיט אַ גאָלדענעם האָן.

און אַז דער האָן גיט אַ קריי, ווי באַגינען,
קריגט יעדער דאָס, וואָס ער נעמט זיך אין זינען.

מען זאָל זיך נישט שעמען און קומען, — הכלל און הכלל,
דאָס איז דאָך אַ גאָלדענער קוואַל.

האָט מען לאַנג נישט באַדאַרפט זיך ביי קינדער צו בעטן,
זענען ייִנגלעך געלאָפן מיט איבערגעדרייטע קאַשקעטן,

און מיידלעך האָבן געשריגן, פון דעם האָן געלאָזט וויסן,
און קעץ זענען אויך מיטגעלאָפן, די ווײַדלען פארריסן.

האָט מען געשטופּט און געשטויסן זיך שטאַרק,
פון געסלעך, פון גאַסן, פון מאַרק.

האָט איינער פאַרלאַנגט זיך אַ טיש,
און איינער — אַ באַנק,
און איינער — אַ בענקל, אַ ווײַכן,
און איינער — אַ פּייל,
און איינער — פינף ביינערנע צייכן,

און די קלייניקע שרייערקע עטקע
האָט סאַמע אינמיטן געשטעלט זיך אַ ווײַכע קאָזעטקע.

ס'איז נישט איבערדערציילן, וואָס ס'האָט דאָרט זיך
געטאָן,
נאָר די טעכטערלעך אָרקעס זיצן סאַמע אין שפּיץ
אויבן-אָן,
טאַקע סאַמע אָט דאָרט, וואו דער גאָלדענער האָן.

# די מיל און די מילנערקע

אז מען שטעלט זיך זייער שטיל,
הערט מען, ווי עס רוישט די מיל,

הערט מען, ווי די רעדער לויפן,
ווי עס דרייען זיך די שרויפן.

ס'איז אַ גרויסע מיל אַזאַ,
נאָר די מילנערקע אַ רע.

אַז זי הויבט אָן רעדן, פּלאַפּלען,
נעמען זיך די פליגלען צאַפּלען,

הויבן אָן די פליגלען פאָכען,
גאַנצע טעג און גאַנצע וואָכן.

אָבער ס'קומט אַרויס צום גוטן,
ווייצן-מעל הויבט אָן זיך שיטן,

ווייצן־מעל, און קאָרן־מעל,
אַז עס ווערט די געגנט העל.

הויבט עס אָן צו טומלען, רוישן,
קומט מען אָן מיט זעק און קוישן.

האַלט מען אַלץ אין גיין און קומען,
קומט אַ פעטער מיט אַ מומען,

קומט אַ טאַטע מיט אַ מאַמען,
מיט די קינדערלעך צוזאַמען,

קומען גויים, קומען יידן,
אַ ציגיינער אויך אינמיטן, —

גייט מען, גייט מען גאַנצע טעג,
נעמט מען מעל מיט פולע זעק.

ס'איז אַ גרויסע מיל אַזאַ,
נאָר די מילנערקע אַ רע.

טראָגט מען זעקלעך איינגעבויגן,
מיט אַ שמחה אין די אויגן,

אלע ווי מיט שנײ באשאטן,
זוייל דאס מעל איז קלאר געראטן.

איצטער הייבט זיך אן די מעשׂה,
נישט פֿון זעקלעך מעל די ווייסע.

נאר ווי איינמאל א באגינען,
פּלוצלינג און אינמיטן דרינען,

קומט די מילנערקע און שרייט:
— הערט נאר, הערט נאר, אלע לייט!

ווער ס'האט קינדער, ייִנגלעך דריי,
נעמען מעג ער פּראנק און פֿריי,

ווער ס'האט מיידעלעך מיט צעפּ,
מעג ער נעמען צוואנציק טעפּ,

האבן קינדער קעפּלעך העל,
מעג מען נעמען ווייצן-מעל,

שווארצע און געשארענע,
מוז מען נעמען קארענע.

ווער ס'איז עלנט ווי א שטיין,
מוז ער ליידיק גיין אהיים.

ווערט א טומל, א יאריד,
און מען שרייט, עס שוימט און זידט.

שרייען די געשארענע,
ווילן נישט קיין קארענע,

ווער ס'איז עלנט ווי א שטיין,
וויל נישט ליידיק גיין אהיים.

און די רעדער פייפן, לויפן,
און עס סווישטשען אזש די שרויפן.

א געשריי און א יאריד,
פון פאדלאגע ביז סופים.

און ווען אלע שרייען, שווערן,
קומען וואלקנס אן, ווי בערן,

ס'הויבט אן דונערן און בליצן.
און א רעגן הויבט אן שפריצן.

הויבט אָן שפּריצן, הויבט אָן גיסן,
עס׳ערוואַרט, ס׳איז חודש ניסן,

גאַנצע טייכן נעמען יאָגן,
אַלע קינדער אויסגעצוואָגן,

ווערן אַלע קעפּלעך העל,
אַלע נעמען ווייצן-מעל.

און די מילנערקע צעשראָקן,
ווייסט שוין גאָרנישט וואָס צו זאָגן.

נעמען אַלע, אַלע, אַלע,
ווער אויף ברויט, און ווער אויף חלה,

און עס איז דאָ אַזויפיל מעל,
אַז ס׳איז די געגנט העל.

אי פאַר טויבע, אי פאַר שטומע
פאַרן פעטער, פאַר דער מומען,

פאַרן טאַטן, פאַר דער מאַמען,
און פאַר קינדערלעך צוזאַמען.

און פּאָר גויים און פּאָר ייִדן,
פּאָר ציגײַנער אויך אינמיטן,

און די מילנערקע, די רע,
זיצט און שווייגט, און שטיל, און שאַ.

# דער פישער־יונג

צו דער אַזיערע, דער מוטער,
האָט דאָס דאָרף זיך צוגעלענט,
מיט דעכלעך איינס לעבן אַנדערן, ווי שוואָמען,
און מיט נידעריקע ווענט.

איז אַ טיר ערגעץ פאַראַן,
שמאָל און קרומלעך, ווי אַ שפּאַלט,
קריגן קינדער זיך אַרויס,
כאַפּן מאַלקעס (*) אויפן ברעג.
אַלטע אָפּגעברענטע פישער
זיצן לעבן אויפן זאַמד,
קוקן איין זיך ווייט אין וואַסער,
אויפן הימל, אויפן וועג.

---

(*) מאַלקעס — קליינע פישעלעך.

איבער אַלע נעסטן־הייזלעך
הויך און ווייס,
ווי אַ בושעל איבער זשאַבעס,
שטייט דעם פּריצס הויז.

ביי די טירן ליגן הינט און וואַרטשען,
אין די שטאַלן קלאַפּן פערד מיט דינע פיס.
און דער פּריץ גייט אין ווייסע קליידער,
מיט געפאַרבטע וואַנצעס
און מיט גלעלע שיך.



אויף אַ רינג אינמיטן וואַסער
האַלט די אַזיערע דעם ווינט דאָ צוגעבונדן.
זואַיעט ער און דרייט זיך אום,
און ווען ס׳שטאַרבט אַן אַלטער פישער,
ברומט דער ווינט און ס׳קלינגט דער רינג

האָט דער ווינט דאָ שטענדיק אַרבעט,
גייט איבער דער אַזיערע און זעט,
ווען אַ פישער ווערט פאַרמאַטערט,
טרייבט ער אונטער אים די נעץ.

און ווען טונקל ווערט דער הימל,
שיקט ער שיפלעך אַפּ אַהיים,
און אַ קינד, אַ קליינס, ווען ס'טרינקט זי
הויבט דער ווינט דאָס אויף אַליין.

נאָר אין אַסיען וויל דער ווינט אַנטלויפן,
שלאָגט די כוואַליעס,
ברעכט דעם רינג,
שפּייט מיט ווייסן שוים צום הימל
און ז'ערטרינקט אַ בלאָנד קינד.

נאָר ס'ווערט מ'ד דער ווינט און לייגט זיך.
לייגט זיך רוען אויפן ברעג,
זויינט און כליפּעט,
רייסט די שיפלעך.
און בלייבט ווידער אויפן רינג.

איז אַמאָל אַ בלאָנדער פישער
אַ טשעקאָווער יונג געווען,
אין זיין שיפל
אויף דער אַזיערע אַוועק,
זען וואו וואוינט דער ווינט אין וואַסער,
זען דעם קלינגענדיקן רינג.

אז ער איז צוריקגעקומען,
האָט אים קיינער נישט דערקענט:
הויך און דאַר,
מיט האָר באַוואַקסן,
אויף זיין שיפל
פאָרט ער אום, אַן וועסלעס, רודער,
רעדט און שמועסט מיטן ווינט.

****

איינמאָל אין אַ טאָג, סוף זומער,
איז דער פריץ דורכגעפאָרן
אויף זיין פערד אַליין ביים ברעג.

האַלט דאָס פערד דעם קאָפּ פאַרריסן,
שטעלט די דינע פיס פאַמעלעך,
און דער פריץ שמייכלט, שווייגט,
וואַרט די פישער זאָלן זיך אַ בוק טאָן,
מיט אַ ליבלעכן „גוט מאָרגן",
מיט אַ העכט און מיט אַ קאַרפּ.

וועט דער פישער־יונג משוגע:
— הער נאַר, —זאָגט ער, — פריץ, פריץ!
זאָג „גוט מאָרגן" מיר, דעם פישער,

ביסט דאָך צו מיין ברעג געקומען,
צו דער אָזערע, צו מיינער.

הערט דער פּריץ אויף צו שמייכלען
(איי איז דאָס אַ שלעכטער סימן!)
גיט אַ ריר מיט ביידע וואָנצעס,
ווי אַ בייזע קאַץ.

כאַפּט דער יונג אים ביי די לייצעס,
גיט דאָס גאַנצע דאָרף אַ ציטער,
און די הייזלעך ווערן שטילער, ווערן פינצטערער, ווי
נאַכט.

לויפן הינט און ס'לויפן רייטער,
לויפן קאָנטשיקעס און בייטשן,
ווערט צעשפּילט ביים יונג די גבורה,
גיט אַ וואונק צום שוואַרצן וואסער,
און פון אָזערע, פון מיטן,
הויבט זיך אויף דער ווינט פון רינג.

איז דער פּריץ, ווי אַ בלעטל,
פון דעם פערד אַראָפּגעבלאָזן,
קיינער ווייסט נישט וואוהין —
אפשר אין־די בלאַטער אפשר אין דער אָזערע אַריין.

אַלע יאָר די אָסיען־ווינטן
ברעכן אוים פון הויז אַ ברעט
און אַ דעמב ביים פריצס טויער,
און אַוועק.

און דער פישער־יונג אין שיפל
פאָרט אַרום און היט דעם ברעג,
זאָגן אַלע אים „גוט מאָרגן",
ווער עס קומט און גייט אַוועק.

# א מעשה מיט אַ וואָלף

אין פעלד זענען שעפּסן געווען,
האָט זיי אַ פּאַסטעך געהיט און געזען.

האָבן שעפּסן געמעקעט, געדרייט מיט די עקן,
איז אַ וואָלף פון וואַלד געקומען פרעגן:

— ווער מעקעט עס ביי דיר אין פעלד?

— קיינער מעקעט נישט, איך קאָך פאַר זיך אַ יויך
קלאַפּט דאָס שטערצל אין דעם טעפּל אַזוי הויך.

איז דער וואָלף אַוועק,
מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן עק.

האָבן שעפּסעלעך גענומען טאַנצן, מיט קאָפּיטעס שלאָגן,
איז אַ וואָלף פון וואַלד געקומען זאָגן:

— ווער טופעט עס ביי דיר אין פעלד ?

— קיינער טופעט נישט, א רעגן גייט, דו זעסט,
שלאגט דער רעגן אין די גרעזלעך אזוי פעסט.

איז דער וואלף אוועק,
מיט אן אראפגעלאזטן עק.

האבן שעפסעלעך גענומען הוליען, אין קאדרילן גיין,
איז א וואלף געקומען מיט פארקריצטע ציין :

— ווער הוליעט עס ביי דיר אין פעלד ?

נאר די שעפסעלעך האבן געפירט אזעלכע זינגערייען,
אזעלכע כארן,
אז דאס פאסטעכל דעם תירוץ האט פארלארן.

היינט, אז דאס פאסטעכל דעם תירוץ האט פארלארן,
ווער ווייסט, ווער ווייסט, וואס איז מיט שעפסעלעך
געווארן.

# די דאמע מיטן הינטל

מאטיוו פון ס. מארשאק

מיט א גרויסן באגאזש
קומט א דאמע צום באן

א קערבל,
א קעסטל,
א קליין טשעמאדאן,
א פעקל,
א זעקל,
א פודעלע גרויס, ווי א פינטל,
און א קליינינקער הינטל.

ט'דאס גענומען א מענטש מיט א בלעך אויפן היטל
און ט'געגעבן א גרינעם, געשטעמפלטן קוויטל.

די באָן גיט אַ פּיף
און נעמט פאָרן,
און דאָס הינטל
אַ ביל
און אַ שפּרונג,
און פאַרלאָרן.

זוערט אַ גרויסער קאָראַזש
און מען ציילט דעם באַגאַזש:

אַ קערבל,
אַ קעסטל,
אַ קליין טשעמאָדאַן,
אַ פּעקל,
אַ זעקל,
אַ פּודעלע גרויס, ווי אַ פּינטל, —
נאָר וואו איז דאָס הינטל?

דערווייל שטייט אַ הונט,
אַ גרויסער, אַ בייזער,
אַ פּוד מיט אַ פונט.

מען גיט אים אַ נעם,
און אַ יאָג,

און אַ טראָג אויפֿן באַן
צום קערבל,
צום קעסטל,
צום קליין טשעמאָדאַן,
צום פּעקל,
צום זעקל,
צום פּודעלע גרויס, ווי אַ פּינטל,
אויפֿן אָרט פֿון דעם הינטל.

פֿאַרהאַקט
און פֿאַרפּאַקט
אין מען פֿאָרט.
דריי נעכט
און דריי טעג
אַלץ אין וועג.

דערנאָך קומט די דאַמע צו גיין מיט אַ רעש:
— גיט אַהער מיין באַגאַזש!

אַ קערבל,
אַ קעסטל,
אַ קליין טשעמאָדאַן,
אַ פּעקל,
אַ זעקל,

אַ פּודעלע גרויס, ווי אַ פינטל
און אַ קלייניניקער הינטל!

גיט אַ שפּרונג אויפן קאָפּ איר אַ הונט,
אַ גרויסער,
אַ בייזער,
אַ פּוד מיט אַ פונט.

גיט די דאַמע אַ קוויטש:
— רוצח, אַט דאָס איז מיין הונט?
אַט האָב איך אַ קוויטל...

זאָגט דער מענטש אין דעם היטל:

— שאַ, שטילער, מאַדאַם,
דריי נעכט
און דריי טעג
ביסט געווען אין וועג,
איז דאָס הינטל, קיין עין־הרע, געוואַקסן
און געוואָרן אַ הונט,
אַ פּוד מיט אַ פונט.

# אָלקע

הינטער וואַרשע, עק אַכאַטע,
אַ הויף מיט בלאָטע.

וואוינט דאָרט אַלקע
מיט דער בלויער פּאַראַסאָלקע

דער טאַטע אַ שמיד,
די מאַמע ארבעט ברים.

דער דאַך איז איינגעבויגן האַלב,
אונטערן דאַך וואוינט אַ שוואַלב.

אין שטוב אַ טיש, און אַ בעט,
און אַ בוידים מיט גרעט.

און לעפל, און טעלער, און טעפּ, און קריג,
און אַ קינד אין וויג.

און דאָס מיידעלע אַלקע
מיט דער בלויער פאַראַסאָלקע.

אַ מויד פון זעקס יאָר,
מיט גאָלדענע האָר.

איז אינדרויסן העל
און דער זאַמד איז געל,

נעמט אַלקע זאַמד קנעטן,
אַלע חברטעס פאַרבעטן.

דופט די מאַמע די מויד,
אַז עס ציטערט אַ שויב,

און דער טאַטע, דער שמיד,
העלפט מיט:

— גיי אין שטוב!
מען דאַרף דאָס ברודערל וויגן,
וואַשן טעפּ און קריגן.

מען דאַרף וואַסער ברענגען,
מען דאַרף העמדעלעך שווענקען.

מען דאַרף קאַרטאָפל שיילן,
מען דאַרף מעשהלעך דערציילן,

אביסעלע לייענען,
אביסעלע שרייבן, —
געדענק, כ'וועל דיך פון שטוב פאַרטרייבן!

גיימ אַלקע וואַסער ברענגען,
העמדעלעך שווענקען,

זאָגט זי:
גענדז בייען,
גיימ די גאַנדז גורע,
און די גענדזעלעך אין שורה
פעדערן ווייסע,
פיס רויטע
און דער גאַנער, דער שוטה.

עפּנט אַלקע
די בלויע פאַראַסאַלקע,
האָט זי אַ שטוב און אַ דאַך
און גענדזעלעך אַסך.

זויל אלקע מיט געגדזעלעך גיין
ביז די זון וועט פארגיין.

רופט די מאמע די מויד,
אז עס ציטערט א שויב,

און דער טאטע, דער שמיד.
העלפט מיט:

— גיי אין שטוב!
עס איז אינדערוואכן,
מען דארף קאשע קאכן,

מען דארף האלץ שפאלטן.
מען דארף דאס קינד האלטן,

מען דארף שוועבעלעך צינדן,
מען דארף וויקעלעך בינדן.

אביסעלע לייענען,
אביסעלע שרייבן, —
געדענק, כ'וועל דיך פון שטוב פארטרייבן!

זיצט אלקע האלץ שפּאלטן,
דאָס קינד האַלטן.

זעט זי:
פייגעלעך פליען,
אַ שורה לאַנג, ווי אַ באַן,
און איבער זיי אַן עראָפּלאַן.

פליגעלעך ווײַס,
פייגעלעך הויך,
און איבער זיי וואָלקן,
ווי בלויער רויך.

עפנט אלקע
די בלויע פאַראַסאָלקע,

האָט זי אַ שטוב און אַ דאַך
און פייגעלעך אַסך.

וויל אלקע דאָ שטיין,
ביז די זון וועט פאַרגיין.

רופט די מאַמע די מויד,
אַז עס ציטערט אַ שויב.

און דער טאַטע, דער שמיד,
העלפֿט מיט:

— גיי אין שטוב!
מען דאַרף זאַקן צירעווען,
מען דאַרף פֿעדים קירעווען,

מען דאַרף קניפּלעך דרייען,
קנעפּלעך פֿאַרנייען,

אַביסעלע לייענען,
אַביסעלע שרייבן, —
געדענק, כ'וועל דיך פֿון שטוב פֿאַרטרייבן!

גייט אַלקע פֿאָדים דרייען,
קנעפּלעך פֿאַרנייען,

גיבן קנעפּלעך זיך אַ שאָט,
און צעלויפֿן זיך איבערן שטאָט.

ווערט יעדעס קנעפּל אַ ראָד,
יאָגן זיך די רעדער קאַראַהאָד.

איינס יאָגט זיך איבערן גאַס,
קייקלט זיך און פירט אַ פּאַס.

צוויי דרייען אַ וועליסאַפּעד,
דריי רעדער פירן אַ ברעט,

פיר רעדער האָבן זיך צעשלאָגן,
איינגעשפּאַנט זיך אין אַ וואָגן.

עפּנט אַלקע
די בלויע פּאַראַסאָלקע,

האָט זי אַ שטוב און אַ דאַך
און רעדער אַסך.

וויל אַלקע דאָ שטיין,
ביז די זון וועט פאַרגיין.

רופט די מאַמע די מויד,
אַז עס ציטערט אַ שויב,

און דער טאַטע, דער שמיד,
העלפט מיט:

באַר אַלקע וויל נישט הערן, וויל נישט וויסן,
די רעדער רודערן און בויגן זיך צו איר, און גריסן,

נעמט אַלקע אַלע רעדער אין אַ שפּאַן
און מאַכט אַ לאַנגע באַן.

און ס'פּייפט די באַן און אַלקע פאָרט אַוועק,
העט ווייט, העט ווייט איבער אַ ווייסן וועג.

# דער טײַך

האָט מען אַ גולם געהייסן וואַסער טראָגן,
האָט ער צוויי עמער גענומען
און איז אַוועק צום ברונען.

טראָגט ער וואַסער און טראָגט
וויפל כוח ער פאַרמאָגט.

עמער נאָך עמער, אַ פּאָר נאָך אַ פּאָר,
אַזש עס שטייען אים קאַפּויר די האָר.

איז דאָס פאַס געוואָרן פול,
די באַלעבאַסטע איז געוואָרן דול:
— ס'גייט דאָס וואַסער אַריבער די ברעגן,
ס'איז די שטוב געוואָרן אַ טייך,
צו טייכן גלייך.

האָט די גאַנצע שטוב גענומען שווימען:
פריער די פענצטער מיט די בלומען,

הוידער די טישן מיט די בעטן,
העמדער, זאקן און קאשקעטן.

א כוואליע אויף א כוואליע.
און די קינדער שווימען אין באליע.

און דער גולם טראגט וואסער און טראגט.
וויפל כוח ער פארמאגט.

איז דאס וואסער פון שטוב ארויס אין הויף
האבן הענער גענומען קרייען,
האבן אינדיקעס גענומען גרעגן:
ס'לויפט דאס וואסער אריבער די ברעגן.

האט דער הויף גענומען שווימען:
שווימט א בעזים און א ברעט,
און א שטריקל מיטן גרעט,
און פון דאך א שינדל.
און א ראבע הינדל.
איז געווארן פון הויף א טייך,
צו טייכן גלייך.

און דער גולם טראָגט וואַסער און טראָגט,
וויפל כוח ער פאַרמאָגט.

איז דאָס וואַסער פון הויף אַרויס אין גאַס
האָבן גלעקער גענומען קלינגען,
האָבן קינדער זיך גענומען שרעקן:
ס'לויפט דאָס וואַסער איבער די ברעגן.

האָט די גאַס גענומען שווימען:
שווימט אַ לייטער, שווימט אַ שטרוי,
שווימט אַ וואָגן מיט אַ גוי.
שווימען וועגענער מיט היי,
מאַמעס, קינדער מיט געשריי.
איז די גאַס געוואָרן אַ טייך,
צו טייכן גלייך.

איז דאָס וואַסער פון-גאַס אַרויס אין פעלד.
און אין פעלד האָט געפּאַשעט זיך אַן אָקס,
האָט ער דאָס וואַסער גענומען טרינקען,
האָט ער דאָס וואַסער גענומען שלינגען,
מיט אַזוינע גרויסע שלוקן,
אַז אין איין ויהי איז אַלין געוואָרן טרוקן.
און אַזוי גיך איז דאָס געשען,
פונקט ווי ס'וואָלט אַ מעשהלע געווען.

# שיכעלעך

אט־אָ, אט־אָ איז אַ באַרג,
אט־אָ, אט־אָ איז אַ טאָל,
זיצט אַ שוסטער אויפן באַרג
מיט אַ האַמער, מיט אַ נאָל.

שטעכט דער שוסטער מיטן נאָל,
מיטן האַמער שלאָגט ער גיך,
איינס און צוויי,
און איינס און צוויי,
וואַקסן אוים צוויי קליינע שיך

זאָגט דער שוסטער:
— שיכלעך, גייט!
גייען שיכעלעך אַוועק,
וואו די וועלט האָט נאָר אַן עק,
גייען שיכעלעך אַרום,
וואו דער שוסטער שיקט זיי אום.

גייען שיכעלעך נאך ברוים,
גייען שיכעלעך נאך זאלץ,
גייען שיכעלעך ארום
פארן שוסטער בהענגען אלץ.

איינמאל נעמען שיכלעך גיין,
ביי א טויער בלייבן שטיין.

קלאפט דאס רעכטע שיכל: אײנס,
קלאפט דאס לינקע שיכל: צוויי,
עפנט זיך א טיר פאר זיי.

זיצט א קינד דארטן אליין,
בארוועס, נאקעט, ווינד און וויי.

דארטן בלייבן שיכלעך שטיין,
ווילן ערגעץ מער נישט גיין.

און דער שוסטער אויפן בארג
וואַרט, און וואַרט,
און וואַרט, און וואַרט.

אַ פרעקערע אַריין,
אַ פרעקערע אַרויס

# קיץ, קאַץ, קעצעלע

קיץ, קאַץ, קעצעלע,
זואַש מיר אוים אַ טעצעלע,
ס'קומען געסט צו מיר,
ס'קומט די מומע מירעלע
מיט דער טאָכטער צירעלע, —
עפן זיי די טיר.

זואַשט די קאַץ אָן אויערל,
עפנט זיך דאָס טויערל,
ס'קומען געסט צו מיר,
ס'קומען קינדער ברעקעלעך,
רייטן זיי אויף שטעקעלעך, —
עפן זיי די טיר.

# די גריל

גרילט אונטערן טיש אַ גריל,
ווייסט אַליין נישט, וואָס זי וויל.
צירי־רי, צירי־רי,
גרילט אַ גריל ביז אינדערפרי.

ווייסט נישט קיינער, וואָס זי עסט —
זאָגט די באָבע, אַז זי פאַסט,
זאָגט דער זיידע, אַז זי [illegible],
און די גריל זאָגט:
צירי-רי,
צירי-רי,
צירי־רי ביז אינדערפרי.

ווייסט נישט קיינער, וואו זי וואוינט —
זאָגט די באָבע: אין אַ שפּאַלט,
זאָגט דער זיידע: אין אַ וואַנט,
און די גריל זאָגט:

ציִרי-רי,
ציִרי-רי,
ציִרי-רי ביז אינדערפרי.

גייט ארוים די העלע זון,
זוכט דאָס גרילעכל אומעטום,
גייט די זון אונטערן טיש,
שאַרט די זון איבערן דיל,
און דאָס גרילעכל ליגט פאַרשטעקט,
ליגט פאַרשטעקט און שאַ און שטיל.
ווי די זון גייט נאָר אַוועק,
הויבט די גריל אָן:
ציִרי-רי,
ציִרי-רי,
ציִרי-רי ביז אינדערפרי.

# איסר

פינף יאָר איז אַלט שוין איסר,
שוין אַ גאַנצער פלאַקנשיסער.

קען שוין פייפן, קען זיך שלאָגן,
פון אַ בענקל מאַכט אַ וואָגן.

שמירט די מאַמע ברויט מיט שמאַלץ,
וויקלט איסרן דעם האַלדז,

און פאַרוויקלט ווי נאָר גרויס
גייט ער לערנען אלף־בית.

שטערן זענען שוין אין הימל,
איסר קען שוין ביז אַ גימל.

פאַטשט די מאַמע מיט די הענט:
— אַט־אַ דאָס הייסט שוין געקענט.

פאַלט אַרויס דער ערשטער שניי,
קען שוין איסר ביז אַ „ה״.

פּאַטשט די מאַמע מיט די הענט:
— אַט־אַ דאָס הייסט שוין געקענט.

איינמאָל, מיטוואָך, דורך אַ שפּאַרע
קומט אין שטוב אַ קאַץ אַ שאַרע.

גיט איר איסר קעז מיט קימל
און פאַרגעסט זיך, וואָס אַ גימל,

און פאַרגעסט זיך, וואָס „ה״ איז,
וואָס אַן אַלף, וואָס אַ „ב״.

ווערט אין שטוב אַזאַ יאַריד:
ס'קומט דער פעטער מיט אַ ייד,

ס'קומט אַ מומע מיט אַ קינד,
ז'קומט אַ שכנה מיט אַ ווינט,

שרייען אַלע איינס נאָך איינס:
— וואו איז דאָס געהערט אַזוינס?

צוליב קעז באַשיט מיט קימל
ס'טו פאַרגעסן, וואָס אַ „ג" ?

ס'טו פאַרגעסן, וואָס אַ „ה" איז ?
וואָס אַן אַלף, וואָס אַ „ב" ?

אַלץ צוליב דער קאַץ, דעם שד,
אַט־אַ זיצט זי, העט, אַ העט!

ווי דאָס קעצל ט'דאָס דערהערט,
ט'זי אַ ווײַלע נישט געקלערט,

האָט זיך באַלד געטאָן אַ הויב,
און אַנטלאָפן דורך אַ שויב.

האָט זיך איסר באַלד דערמאָנט
אַלע אותיות נאָכאַנאַנד.

שטייט אַן „א", נאָכן „א" גייט אַ „ב",
מיט צוויי פליגעלעך אַ „ג",
מיט אַ דעכעלע אַ „ה" איז.

שמירט די מאַמע ברויט מיט שמאַלץ,
וויקלט איסרן דעם האַלדז.

לערנט איסר אלף־בית —
זאָל נישט טרעפן מער קיין בייז.

# באַרעלעך

איף אַ מיטן ווייטן וועג
שטייט אַ גרויסער באַרנבוים,
נישט געהיט, און אָן אַ צוים,
וואַקסן באַרן געל און ברוין.

ערשטנס וואַקסן בלעטעלעך,
ווילן ציגן אָפּצופּן,
זענען בלעטעלעך הויך פון דר׳ערד,
שאָקלען ציגן מיט די בערד.

צווייטנס גרינען צווייגעלעך,
וויל דער ווינט זיי אָפּברעכן,
זענען צווייגעלעך זייער שטאַרק,
פייפט דער ווינט אינמיטן מאַרק.

דריטנס וואַקסן באַרעלעך,
וויל זיי יעדער אויפעסן,
זענען באַרעלעך נישט קליין,
פאַלן אין די הענט אַליין.

# שיכעלעך

צו וואַסעלען

טאַנצן פֿלינק די טשוועקעלעך
ביי דעם שוסטער אויפֿן האַנט,
ביז אויף רויטן שנירעלע
הענגען שיכלעך אויפֿן וואַנט.

ייִנגלעך און מיידלעך
גייען, גייען נאָכאַנאַנד
צופּאַסן די שיכעלעך,
די, וואָס הענגען אויפֿן וואַנט.

בערעלען אביסל שמאָל,
סימעלען אַ פֿינגער קוועלט,
וואַסעלען אינגאַנצן גוט —
האָט ניט וואַסעלע קיין געלט.

בלייבן הענגען שיכעלער,
אזי אַ חרפּה, אזי אַ שאַנד,
אויף אַ רויטן שנירעלע
ביי רעכם שוסטער אויפן הענגם.

# עפנט דעם טויער

עפנט דעם טויער, עפנט אים ברייט,
ס'וועט דא דורכגיין א גאָלדענע קייט:
דער טאַטע,
די מאַמע,
דער ברודער,
די שוועסטער,
חתן-כלה אינמיטן,
אויף א גאָלדענעם שליטן.

עפנט דעם טויער, עפנט אים ברייט,
ס'וועט דא דורכגיין א גאָלדענע קייט:
דער זיידע,
די באָבע,
דער פעטער,
די מומע,
די אייניקלעך אינמיטן,
אויף א גאָלדענעם שליטן.

עפנט דעם טויער, עפנט אים ברייט,
ס'ווערט דאָ דורכגיין אַ גאָלדענע קיים:
אַ באָר
און אַן עפּל,
און האָניק אַ טעפּל,
און אַ לעקאַך אַ געלער
אויף אַ גאָלדענעם טעלער

# פאַלט א רעגנדל אַראָפּ

פאַלט אַ רעגנדל אַראָפּ,
פאַלט ער שימעלען אין קאָפּ.
שימעלע וועט וואַקסן,
ביזן הויכן קאַסטן,
ביזן הויכן עלמערל,
ביז דער מאַמעס קעלנערל.
פאַלט אַ רעגנדל אַראָפּ,
פאַלט ער שימעלען אין קאָפּ.

# איינס, צוויי, דריי

איינס, צוויי, דריי,
אדער־לידער־ליי.
ס'זענען בינעלעך געווען,
איך האב זיי אליין געזען,
איינס, צוויי, דריי,
אדער־לידער־ליי.

האניק האבן זיי געמאכט,
פון פארטאג און ביז פארנאכט,
איינס, צוויי, דריי,
אדער־לידער־ליי.

האט מען בינעלעך פארנארט,
און דעם האניק אויסגעשארט,
איינס, צוויי, דריי,
אדער־לידער־ליי.

# זאַלבעדריט

זואוינט מען, וואוינט מען זאַלבעדריט,
דודל איז אַ באַנדיט,
אָרעלע אַ נאַרעלע,
און אַ קעצל שאַרעלע.

דודל דער גרעסערער,
אָרעלע דער קלענערער,
ביידע גייען נייע שיך,
און דאָס קעצל דראַפּעט זיך.

שאַרפֿע נעגל ניט געדאַכט,
אָרעלען שוין בלוט געמאַכט,
דודלען אין נאָז אַ ראַץ —
אָט אַזאַ איז זי די קאַץ.

אָרעלע לויפֿט מיט אַ שטעקן,
דודל דאָס קעצל דעקן,

און דאָס קעצל לויפֿט אַוועק,
הייסט באַזאָלצן זיך דעם עק.

הויבן אָן זיך קערן וועלטן
און מען נעמט דאָס קעצל שעלטן:

— „פּיפּערנאָטער,
שוואַרצער קאָטער,
אויף דער רויטער צונג אַ בלאָטער!"

און דערנאָך פֿאַר גרויס פֿאַרדראָס
גיט מען איר אַ פֿייג אין נאָז.

# הענער

האָבן מיר אַ מומע ריווע
וואוינט זי וואו? אין קאַזע־גריווע.

איינמאָל האָט ביי איר פאַרלאָפן,
ס׳זענען הענער צוויי געשלאָפן.

און זיך אויפגעכאַפּט צו טאָגן,
און זיך אָנגעהויבן שלאָגן.

הויבט אָן ריווען עדערן,
וואָס פליען עפּעס פעדערן?

קומט זי, זעט זי אַזאַ זאַך:
ס׳שפּרינגען הענער ביזן דאַך.

און איר זאָלט שוין גאָרנישט פרעגן,
ריווע ט׳פּיינט געהאַט געשלעגן.

לויפט זי צו דער פּעטשערע
און גיט אַ כאַפּ אַ קאַטשערע.

און אין ליטע איז דאָס רוב
זייער קלוג איעדער עוף.

האָבן הענער באַלד צעקייט,
וואָס די קאַטשערע באַטייט.

און פון יענער מעשה אָן
שלאָגט זיך דאָרטן נישט קיין האָן.

